אילוסטרירטע קינדער ביבליאָטעק.

י. ל. פּרץ.

# קיין ערגעץ-לאַנד.

קינדער-שפּיל אין איין אַקט.

אינסצעניִרט דורך **יעקב פּאַט**

פֿאַרלאַג
**א. גיטלין,**
**װאַרשע.**

**תרפ"א**
**1921.**

גאנצער באלעבאס אין שטוב. אין צווייטן הייזל וואוינט א טרעגער. דארט אין שטוב איז גאר אומעטיק — זיין ווייב ליגט שוין דריי וואכן אין שפיטאל און עס איז ניטא וואס איר צוצוברענגען אין מויל אריין. אין שטוב זענען די קינדער, די עלטסטע טאכטערל הייסט שיינדעלע און זי חברט זיך מיט איציקלען.

**דער האלצהעקער** (קומט ארויס מיטן האק און זעג, בלייבט שטיין אויף זיין בריקל) אָ, וואַ, אַ שענער טאָג... עס מוז שוין זיין גאנץ שפעט... חנה׳לע... טנה׳לע, וואלסט שוין דארפן ארויסגיין מיט דיינע לעקאך אין שטאט אריין.

**חנה׳לה** (איר זעט מען ניט, נאר זי רעדט פון הינטערן טיר). איך נעם נאר ארויס די לעקאך פון אויוון.

**דער האלצהעקער** (גייט אפ אביסל פון שטוב.) עס איז שוין, חנה, האלבער טאג. די רייכע לייט האבן ליב פרי לעקאך צום עסן, פארשפעטיק ניט, זע, חנה, גיי שוין אין שטאט אריין... אפשר וועט מיר אויך עפיס צוגעשיקט ווערן צו פארדינען, אביסל האלץ צו האקן.

**חנה.** איך גי. איך גיי...

(ער גייט אוועק)

(אין אייגאינדערזעלבער צייט קומען ארויס פון ווייערע הייזער

(ח נ ה אין דער טרעגער.)

דער טרעגער. גוט מארגן, ח.ה. איר גייט שוין אזוי פרי אין שטאט אריין?

חנה. איך טראג לעקאך צו די נגידים.

דער טרעגער. עסן לעקאך האבן זיי ליב, באקן האבן זיי פיינט, זיי האלטן די הענט אין די הענטשקעס.

(זיי גייען ביידע פון בארג אראפ און גייענדיק שמועסן זיי)

חנה. און ווי ס מאכט עפעס אייער שרה?

דער טרעגער. קראנק. זי ליגט שוין דריטן וואך אין שפיטאל, האט ניט וואס אין מויל צו נעמען. (ס'לויפט ארוים דאס קליין מיידעלע פייגעלע.)

פייגעלע. מאמע, מאמע, ברייננ צוקערלאך פון שטאט.

חנה. גוט, טאכטערל, גוט.

פייגעלע. פאר מיר און פאר שיינדעלען.

חנה. איך וועל ברייננען. שפיל זיך דא אויפן בארג.

פייגעלע. א גוטן טאג, מאמעלע!

חנה. א גוטן טאג.

(דער טרעגער און חנה'לע פארשווינדן.)

פייגעלע שפילט זיך מיט זאמד אויפן בארג, לויפט ארום, זי מאכט לעקאך פון זאמד און ביי דער ארבעט זינגט זי אירס א לידעלע.

ס'קומט ארויס איציקל מיט אַ לאפעטע אין האנט. ער קוקט זיך ארום, קריבט אַ פלאץ אויפן בארג, הויבט אָן צו גראבן דערזעט ער פייגעלען, שפארט ער זיך אָן אָן לאפעטע און שמועסט מיט איר.

א י צ י ק ל. פייגעלע, וואו איז דאס שיינדעלע?

פ יי ג ע ל ע. זי וואשט זיך מיט קאלטע וואסער.

א י צ י ק ל. רוף ארויס שיינדעלען, איך דארף זי נויטיק האבן.

ש יי נ ד ע ל ע (פון שטוב):

פעלדער גרינען, וועלדער רוישן.
גייען מיר מיט פולע קוישן
בלומען אָן אַשיער.
גייען מיר ארומגענומען
און באקראנצט מיט פרישע בלומען...

א י צ י ק ל. רוף ארויס שיינדעלען.

פ יי ג ע ל ע. הערסט דאך, זי זינגט. אט גיי איך איר רופן. (זי גייט) שיינדעלע, שיינדעלע, קום ארויס, שיינדעלע!... שיינדעלע!... (זי גייט אריין אין הויז).

א י צ י ק ל (ער ארבעט, גראבט די ליים, שטעלט זיך אפ, שפארט זיך אָן אָן לאפעטע און קוקט זיך ארום, צי שיינדעלע גייט שוין. עס געדויערט לאנג און שיינדעלע איז נאך אלץ ניטא). פייגעלע, דו האסט פארגעסן?... שיינדעלע, שיינדעלע, קום ארויס!...

ש יי נ ד ע ל ע (פון פענסטער). וואס, איציקל?

א י צ י ק ל. קום געשווינט ארויס. מיר וועלן עפּעס טאן.

ש יי נ ד ע ל ע. וואס וועלן מיר טאן?

א י צ י ק ל. ווערסט שוין זען. עס איז מיר עפּעס איינגע־פאלן, נאר געשווינט, שיינדעלע.

ש יי נ ד ע ל ע. באלד, באלד, איציקל. (זי קומט ארויס. ס׳איז שוין די גרויסע זון. פארלייגט דאס פּראכע הענטל איבער די אויגן און זוכט).

ש יי נ ד ע ל ע. נו, איציקל, וואס דארפסטו מיר?

א י צ י ק ל. מיר איז עפּעס איינגעפאלן אן ארבעט.

ש יי נ ד ע ל ע. וואס איז דיר איינגעפאלן?

א י צ י ק ל. מיר איז איינגעפאלן... פאר ליים צאלט מען אין שטאט געלט, פאר אַ מולטערל ליים באצאלט מען, איז מיר איינגעפאלן, אז מיר זאלן גראבן ליים.

ש יי נ ד ע ל ע. איך אויך?

א י צ י ק ל. דו אויך, שיינדעלע, דאס ליים וועלן מיר פארקויפן אין שטאָט און פארן געלט עָפּעס קויפן פאר דיין מא־מעס וועגן אין שפּיטאל אריין.

ש יי נ ד ע ל ע (פריילאך). גוט, איציקל, קום וועל איך דיר העלפן. (זי ווארפט זיך דראפּן מיט די הענט אין ליים).

ש יי נ ד ע ל ע. אוי, איציקל, ווי דיינע שווארצע האר

גלאנצן אויף דער זון.

אִ י צ י ק ל. און דיינע אויך.

(זיי ארבעטן ביידע. ביי דער ארבעט זינגט **שיינדעלע** איר פרייערדיק לידל).

אִ י צ י ק ל. עי, שיינדעלע, דראפעסט מיט די נעגעלאך, ווי אַ קעצל... לאז געמאך!

ש יי נ ד ע ל ע. ניין, ניין, איך קען אוין!...

א י צ י ק ל. איך מיין ניט זאלסט לידיק גיין. נאר ווייסט וואס, דו ברייגג ארויס אַ מולטערל, איך וועל גראבן און דו וועסט צוזאמענעמען אין מולטערל אריין.

ש יי נ ד ע ל ע. איך וועל אויך טראגן... אט ברייגג איך אַ מולטערל. (אפ. קומט צוריק מיט אַמולטערל).

ש יי נ ד ע ל ע (זי שיט פלייסיק די ליים אין מולטערל): שוין, איציקל, שוין פול!

א י צ י ק ל (נעמט דעם מולטערל אויף די אקסלען, זי העלפט אים אונטער): זיי גייען ביידע.

ש יי נ ד ע ל ע. שווער, איציקל, שווער?

א י צ י ק ל. אט, איך בין דען קיין בריה ניט?

(זיי גייען בארג אראפ. זיי אנטקעגן קומט אָן דער מלאך פון ליידיקגיין).

ד ע ר מ ל א ך פ ו ן ל יי ד י ק ג יי ן (איז אנגעטאן אין אַ

האבן הנאה.

שיינדעלע. און אז מען ווערט הונגעריק?

מלאך. און אז מען ווערט הונגעריק, זאגט מען: „בוי-מעלע, בוימעלע, גיב עפעס עסן"... — גיט ער.

שיינדעלע. און אז מען איז דארשטיק?

מלאך. זענען אין גארטן דא וואסער קוואלן, גיט מען א רוף קומט צו א קוואל מיט פריש קריסטאלן וואסער, נעמט מען א בעכער פון בוים, מען שעפט אן און מען טרינקט. וויל מען גאר, גיט מען אזאג: „ליליען-בעכער, אדער, רויזן-בעכער, זיי מוחל און גיב א טרונק. שפרינגט דער בעכער פון דעם בלום אראפ, שעפט אן, עפנט מען די ליפן, גיסט ער אין מויל אריין...

שיינדעלע (אנטציקט). עפעס א כשוף, א צויבער-לאנד...

מלאך. ערגעץ-לאנד... ערגעץ-לאנד... קומט, קינדער-לאך אין ערגעץ-לאנד!... קומט... קומט... (ער הויבט אן צו גיין און רופט זיי ביידען מיט די הענט צו גיין אין דער ווייטענס צום ערגעץ-לאנד, שיינדעלע איז פאר'כשופט און זי מאכט נאך אים עטלאכע טריט).

איציקל (פרובירט נאכמאכן אן האלבן טראט און ער כאפט זיך באלד צוריק): איך גיי ניט!

מלאך (ווענדעט זיך צוריק מיט פארדראס): פארוואס?

איציקל. וואס וועל איך דארט טאן?

מ ל א ך. פֿארגניגן האָבן, ליגן זיך אויף בלומען... עסן... זרינקען...

א י צ י ק ל. און שפּעטער?

מ ל אך. ווייטער ליגן.

א י צ י ק ל. ניין, איך וויל ניט, איך וואלט משיחן געוואָ־ן פֿון לײדיקגײן... ווי קען מען עס ליגן...

מ ל א ך. גייט מען שפּאצירן.

א י צ י ק ל. אויך מיר אַ גאנג... ניין!... איך גיי ניט (שטילער צו איר) און דו שיינדעלע?

ש יי נ ד ע ל ע (באשליסט זיך): אז דו נישט, איך — אויך נישט.

מ ל א ך. נארישע קינדער... נארישע קינדער... נארישע קינדער... (פֿאַרשווינדט).

(זיי בלייבן ביידע אליין).

א י צ י ק ל. ווייסט, שיינדעלע, ווער דאס איז געווען?

ש יי נ ד ע ל ע. ווער?

א י צ י ק ל. דער יצר הרע פֿון ליידיקגיין.

ש יי נ ד ע ל ע. ווער?

א י צ י ק ל. דער יצר הרע פֿון ליידיקגיין.

ש יי נ ד-ע ל ע. ווען ניט דו, וואלט ער מיך געוויס אוועקגעפֿירט.

א י צ י ק ל. גוט. וואס מיר זענען ניט געגאנגען.

ש יי נ ד ע ל ע (רייסט זיך אפ, כאפט זיך פלייסיק). ס'ו ע ט שוין שפעט, איציקל, לאמיר גיין אין שטאט אריין.

א י צ י ק ל. קום, לאמיר נעמען דעם מולטערל ליים.

(זייביידע נעמען צוזאמען דעם מולטערל און גייען אויפן וועג אין שטאט [אריין).]

ש יי נ ד ע ל ע. ס'איז שווער, איציקל?

א י צ י ק ל. אַ געלעכטער... וואס איך בין קיין בריה ניט

א י צ י ק ל און ש יי נ ד ע ל ע:

...ארבעט איז ביי אונז אַ פרייד,

ארבעט מאכט דאס לעבן זיס

שטעלט זיך קינדער אויף די פיס

(זינגענדיק גייען זיי אראפ דעם בארג און פארשווינדן).

פארהאנג.

# אילוסטרירטע קינדערביבליאָטעק

## פֿאַרלאַג א. גיטלין.

אַרויס פון דרוק:

1) די גליקליכע קינדעריאָרן—היינריך שאַרלמאַן.
2) אין דאָרף מיכאַילאָווקע—יאַנוש קאָרטשאַק.
3) דער בער — — — — — ק. טעטמייער.
4) קיין ערגעץ־לאַנד — — נאָך י. ל. פּרץ.
5) יואליק — — — — — — יעקב פאַט.
6) ער איז אַוועק — — — „ „
7) מאיא — — — — — — „ „
8) די שניי־מלכּה — — — „ „
9) אין שענסטן יום־טוב — „ „
10) אַ מעשׂה מיט אַ רב — „ „
11) דער שמש און דער נגיד „ „
12) דער לייב — — — — „ „
13) דער פּרינץ — — — — ל. מלאך.
14) אַ חלום פון אַ מיידעלע — „ „
15) פאַר די קליינע קינדערטוועגן—יעקב פאַט.

# פאַר די קליינע קינדערסוועגן

(וואָס דערציילן די פיר־אַלבט־יאָריקע ?)

פינפאונצוואַנציק געשיכטעס

דערציילט, געזאַמלט און איבערדערציילט

דורך

## יעקב פאַט.

ויסער אָריגינעלע געשיכטעס, זיינען די איבעריקע גע-
שאַפן געוואָרן פון די מאָטיוון פון פרידריך דערפעל, ראַ-
בינדראַנאַט טאַגאָרא, קאַטול מענדעס, טוזמאַן, לאגעלעף,
מאצקעוויטש, אלעקסאַנדער בלאָק, סערגיי גאָראָדעצקי,
ברידער גרים, ל. נ. טאָלסטאָי, היינריך שארלמאַן, ש. אַש.

